מוט איין פוֿרֶער וָואך
און בון נוט פול אוף דֶר פֶּען
און שְׁטוּפּ וְויפּול און קֶען
ווי און דֶר מַאס נָאר אַלָאך
דָס וָוס און לֵייג אַרַיין
און זָאל קֶענון מְסַלֵק זַיין
די בַּעל חובות וָואלְט און גוט גומַאכְט
זַיי זֶענון אָבּוּר קֵיין נֶעֶרָנִים
זַיי זָאגון. גוּב אַהֶער מְזוּמָנִים
צֵייל אונְז אָפּ בַּיי דֶער נַאכְט

ד

וְויא זָאל און רֵייעון
הֶער און מַיין וַוייבּ שְׁרַייֶען
אוף דֶר פוֿרֶער וָואך וְויל קֵיינור בָּארְגון מור
קוֹפּון די קוּנְדֶער וְויל און
אוף וְויֶעמְשֶׁערֶע מוּלוּך
צוּ הָאסְט נוּט עֶטְלוּכוּ גְרָאשוּן בַּיי דוּר
און גֶעם דָאס בַּיימֶעלוּ אַרוּם
און קְרַאץ עֶס אוּם
קְרַאץ הַיינְט קְרַאץ מָארְגון
עֶס אוּז פַר שְׁמַאכְט
וָוס הֶעלְפְט דָס שְׁרַייעון

אוּף װעֶל דָם פְרִיוְעַן בַּשְׁפֵּיעֶן
טָאמוּר װעט עֶס מַזְלְדוּק װעֶרוּן
פוּן דֶער דָאזוּגוּר נַאכְט

ה

אוּף לוּג דוּא נַאכְט
אוּן גוּב אַטְרַאכְט
אליהו הנביא זָאל מוּף װָעלוּן פְרֶעגוּן
װִיפוּל װִילְקְסְטוּ בְּרוּדֶער
אוּף דֵייג דוּר אַנוּדֶער
װִי גְרוֹס זָאל זַיין דַיין פַּר מֶעגוּן
אוּף װָאלְט גְזָאגְט בַּאלְד
װָס אוּף װָאלְט גְוָאלְט
מֵאָה אֶלֶף גָאר אוּם גְטְרַאכְט
בְּקִיצוּר אֵיין עֶק אַסוּף
אַרֶענְדוּל אַרָאפּ אַרֶענְדוּל אַרוּף
אוּף װעֶל מוּף נוּט שְׁטֶלוּן דוּנְגוּן קֶעגוּן נַאכְט
אָט פוּן דֶעם אַלְמוּן זֵיידוּן
דָאבּ אוּף גוּהֶערְט רֵיידוּן
עֶר קֶען קוּנְצוּן זֵייעוּר פוּל
רֵיידוּגוּ פְּקֶעשְׁלוּף אַז עֶר װִיל
װעֶרוּן מוּט בּוּמוּל פוּל
צוּ קֶען מַיין בַּייטוּל מַאכוּן אַזַא שְׁפוּל

אָבוּר נוּשְׁט אַזָא קוּנְץ
מַאכְט מֶען מוּט מוּנְץ
ווי קֶען בּוּמוּל וֶוערוּן צוּ גֶעלְד גוּגְרַייכְט
דָא אַז מוּדֵייגְט נוּט אַרַיין מַאכוּ
נֶעמְט מֶען אַרוֹם אַמַכָּה
דָם וַויים אוּף פְּרָאסְטוּ פוּן דֶער נַאכְט

ו

אוּף וָואלְט גְוָואלְט זַיין וֶוערְט
צוּ זֶעהְן דָם וַוייסוּ פֶערְד
וָוס מְשִׁיחַ וֶועט אוּיף דֶם רַייטוּן
אוּנ אוֹיף דֶער פַּאפוּרֶעגוּ בְּרוּק
וֶועט עֶר אוּנְז פוּרוּן צוּרוּק
אַהֵיים צוּם אַלְמוּן טַאטוּן
אוּף וָואלְט דֶענְסְט מָאל חָלֶעבֶן
אַגַאנְץ גְרוֹסוּ כּוֹסָה גוּמַאכְט
אוּנ וָואלְט גְטְרוּנְקוּן לְחַיִים
צוּ לוּב דֶעם בּוֹרֵא שָׁמַיִם
אוּנ וָואלְט גְזוּנְגוּן טָאג אוּנ נַכְט

## נָא

דָם וָוארְט נָא אוּז דַאכְט זוּף פְּרָאסְט אוּנ קְלֵיין
אוּנ אִין לֶעבּוּן שְׁפּוּלְטָם עָם אַגַאנְץ גְרוֹסוּ רָאלֶע

וִוי זו זֶעצון דֶעם טְהָאן דַארְף מֶען נָאר זֶעהְן
וֶועלון עֶם מוּר אֵיין מָאלָאדְיֶע קֶענוּן לֵיינוּן אַלוּ
נָאךְ קְלֵיינֶערְהֵייט לֶערְנוּן דוּ עֶלְטוּרוּן דָם קוּנְד
דָאם וָוארְט נָא רֵיידוּן פַּר אַלוּ זַאכוּן
אוּנ וִויא פְרֵיילוּךְ וֶוערוּן זֵיי אַז עֶם נֶעמְט אוּבֶּר גְשְׁוִוינְד
אוּנ עֶם קֶען שׁוּן אַייזְשֶׁע נָא נָא מַאכוּן

אוּנ אַז עֶם וֶוערְט עֶלְטוּר אוּנ הֶערְט פּוּן פְּרוּמוּ אַסַאךְ
אַז בַּיים דַאבִּינְגֶען אוּים רֵיידוּן אוּז קֵיין דרך ארץ
אוּנ מוּט דֶעם וָוארְט נָא קוּמְט עֶר אָפּ אַשְׁפְּרָאךְ
וָוארוּם נָא אֶהָה אוּז אוּף אַלְדוּנְג אקשיא אתירוץ
אוּנ אַז דֶר התן שְׁטֵייט שְׁלֶעבְּט מוּט דֶעם שְׁוֶוערְם נדן
אוּנ דָא דַארְף מֶען שׁוּן פּוּרוּן מוּט דֶער פּוּק אוּנ טַאנְצוּן
אוּנ מוּט ארחמנות פֶּענוּמוּל רָאמְט אוּם דֶער התן אֵיין
נָא שְׁוֶוער לֶעבּ מַכּה אַכְצֶעהְן דְרַייצֶעהְן

אוּנ וִוי מֶען מַאכְט זוּךְ אָפְּט בַּיי אוּנְזֶערוּ יוּדוּן
אַז דֶר שְׁוֶוער פַּייפְּט דֶעם התן אוּנ נדן אַרֵיין
אַז וִוי בַּאלְד עֶר הָט אַגוּט וַוייבּ מַאכְט עֶר צוּ פְרוּדוּן
נָא נָא אַבּוּ דֶער הֶערוּן אוּז חָאמְשׁוּ פַּיין
אַז עָר טְרֶעפְּט אָבּוּר אָן אוּף אַגוּטוּר פּוּסְקַאטוּ
וָום זוּ בַּגְרָאבְּט אוּם נַיין אֵיילוּן אוּנ דֶער עֶרְד
מַאכְט עֶר גָא נָא מוּט גְרוּם גְרֶעזָאטוּ

אַגוּט שְׁטוּקוּל שְׁלַאק הָט מוּר גָאט בַּשֶׁערְט
אוּנ אַז ער וֶוערְט זוּ פָּטוּר אוּנ אַגוּטוּר שָׁעָה
וֶוערְט ער ערְשְׁט אַיוּנְג מוּט שְׁפָּארוּן
אוּנ גְרֶעט זוּך דָם בַּייכוּל אוּנ מַאכְט אַלַאנְגוּן נָא

# דער סאמיוואר

א

ענְטְפּוּר מוּר נָאר סַאמִיוַואר אוּף דֶעם אוּף
וָוס בְּלָאזְטוּ זוּך שְׁטֶענְדוּג אַזוּ וִוי אַפַּאס
אוּנ אַשֵׁיינוּר גוּזֶעלְשַׁפְט נֶעמְט מֶען דוּך אוּף
שְׁטֵייסְט אוּבוּן אָן בּוּסְט תמיד אוּנ קְוַואס
פַר וָוס זוּדְסְטוּ אוּנ קָאכְסְט יֶעדוּ מוּנוּט
זָאג מוּר אוּך בֶּעט דוּך אוּך פַר שְׁמֵיי דָאס נוּט

ב

פַר וָוס זָאל אוּך נוּט יוּדוּן אוּנ בְּרֶענוּן וִוי אַגיהנם
אַז דֶר עוֹלָם וָוס זוּצְט אַרוּם מוּר
הֶער אוּך מֶער נוּט נָאר אָפּ רֵיידוּן פוּן יֶענוּם
אוּנ בַּלֵיידוּגוּן יֶענוּם גָאר אָן אַשִׁיעוּר
דֶער פַאר זוּד אוּך אוּנ קָאך יֶעדוּ מוּנוּט
צוּ זֶעהְן אַזוֹנוּ עַוְלוֹת קֶען אוּך נוּט

ג

אוּר זָאלְט זֶעהְן אַמָאל אַזוּ וִוי אוּך זֶעה

וְיא שֵׁיין דֶעם גַאסְט נֶעמְט אוֹף מַיין בעל הבית
אוֹךְ וֵויים עֶר פֶערְגוּנְט אוּם נוּט דָם גְלֶעזוּל מֵייא
עֶר וָואלְט גְוָואלְט עֶר זָאל זוּךְ דֶר וַוארְגוּן מוּט דֶם גְלָאז
דֶער פַאר זוּד אוּךְ אוּנ קָאךְ יֶעדוּ מוּנוּט
צוּ זֶעהְן אַזַא קַארְג שַׁאפְּט קֶען אוּךְ נוּט

ד

אַמָאל קוּמְט צוּ גֵיין אַמֶענְשׁ הוּנְגֶערוּג טוּט
דוּ נשמה פַאלְט אוּם אָקוּרְשְׁט נוּט אַרוּם
דֶר וִוירְט גוּט אוּם טְהֵייא וֵוייסְט נוּט זַיין נוּיט
מוּט דֶם קוּמְט עֶר אָפּ מוּט דֶם גֵייט עֶר אַרוּם
דֶער פַר זוּד אוּךְ אוּנ קָאךְ יֶעדוּ מוּנוּט
ווי דָהט אַמֶענְשׁ אוֹף יֶענוּם קֵיין רחמנות נוּט.

ה

אַמָאל מַאכְט אַדַאמוּ מַיין וִוירְטוּן אַבֶּעזוּךְ
דוּא גוּט אוּר טְהֵייא טְרוּנְקְט לוּבוּ מַיינוּ
אוּנ אַז זוּ גֵייט אַוֶועק וָום זָאגְט זוּא דֶר נָאךְ
טָאמוּר וֵוייסְט אוּר וָום זוּא קְרוּכְט צוּ מוּר
דֶער פַאר זוּד אוּנ קָאךְ יֶעדוּ מוּנוּט
צוּ זֶעהְן אַזַא פַאלְשֵׁקַייט קֶען אוּךְ נוּט

ו

וַוארְט נָאר אוּם אוּךְ זֶעה נָאךְ מֶער
אַמָאל קוּמְט צוּ גֵיין אַמֶענְשׁ מוּט אַוִויזוּט

מוּשְׁפֶּעט אוּנ מוּלַאכְט אוּנ מוּמַאכְט אוּר אַבֶּער
אוּנ עֶר זוּצְט עֶס טְרוּפְּט זוּךְ אוּם דָם בְּלוּט
דֶער פַּאר זוּד אוּךְ אוּנ קָאךְ יֶעדוּ מוּנוּט
יֶענוּם מבייש שְׁטֶעלוּן טָאר מֶען זוּךְ נוּט

ז

אַמָאל טְרוּנְקְט מֶען מְהִייא גָאר גַאנְץ רַייךְ
אוּנ וִוינוּר גְרֶעזוּר אוּנ מוּט טַייעֶרוּ שַׁאלוּן
אוּנ שׁוּלְדוּג אוּז מֶען טַאקוּ גָאר אַסַאךְ
בעל חובות מָאנוּן אוּנ עֶס אוּז נוּט דָא צוּ צָאלוּן
דֶער פַר זוּד אוּךְ אוּנ קָאךְ יֶעדוּ מוּנוּט
אוּף יֶענוּמְס סְמָשָׁאט צוּ לֶבוּן טָאר מֶען נוּט

ח

אַמָאל זֶעה אוּךְ בַּיי דָר מְהִיי אַשֵׁיינוּ סְצֶעגֶע
וִוי דוּ וִוירְטוּן קְרוּגְט זוּךְ מוּטוּן בעל הבית
עֶר רֶעט מוּט אוּר נוּט רַאבְט זוּךְ אוּנ יֶענוּ
חַאפְּט אוּנ פַּארֶעט אוּם אָפּ מוּט דֶעם גְלָאז
דֶער פַר זוּד אוּךְ אוּנ קָאךְ יֶעדוּ מוּנוּט
אַוַוייבּ נֶעמוּן אַזַא וואוּלְם רַארְף מֶען נוּט

ט

אוּךְ וֶועל פְּרֶעגוּן אקשיא אַז דוּ וִוירְטוּן אוּז שֵׁיין
אוּנ אַז דֶר מַאן גֵייט אַוֶועק הֵייסְט זוּ אשת איש
אוּנ אַז זוּ בְּלַייבְּט אַמָאל מוּט דֶעם גַאסְט אַלֵיין

פַר וָוָם קוּמְט אוּם נָאךְ אַזַא גוּשְׁמַאקוּן קוּשׁ
דֶר פַּר זוּד אוּךְ אוּנ קָאךְ יֶעדוּ מוּגוּט
צוּ זַיין אַזוֹ אוּנ אָרוּנְמְלוּךְ טוֹג זוּךְ נוּט

ו

וָום אוּז דָם וָואם הָאמְטוּ זוּךְ צוּ מוּשׁוּן
וֶוייסְטוּ וָום הַיינְטוּגוּ צַייטוּן קוּמְט דֶער פַּר
וָום הַארְט דָם דוּךְ וָום דָארְט וִויל מֶען זוּךְ קוּשׁוּן
משרת גֶעם גֶעךְ צוּ דֶעם מַאמְיַואר
זָאלְסְט נוּט זוּרוּן אוּנ קָאכוּן יֶעדוּ מוּגוּט
אוּנ פְרֶעמְדוּנְם עסקים מוּשְׁט מֶען זוּךְ נוּשְׁט

# רבקה׳ם טויט

דֶער מדרש שְׁרַייבְּט : אַז רבקה אוּז גְשְׁטָרְבּוּן הָט מֶען זוּ גוּמוּזְט מקבר זַיין בַּיי נַאכְט כדי עשׂו זָאל נוּט זֶעהְן אוּנ וֶועט וֶועלוּן נָאךְ גֵיין נָאךְ דֶר מטה וֶועט מֶען זוּ שֶׁעלְטוּן פַאר וָום זוּא הָט אַזַא זוּהְן גוּהַאט יעקב אוּז אַנְטְלוּפוּן קֵיין חרן אוּנ יצחק אוּז גוּוֶוען שׁוּן אַלְט אוּנ קֵיינוּר אוּז נוּט נָאךְ גוּגַאנְגוּן נָאךְ דֶר לויה :

א

סְאוּז נַאכְט אוּנ הוּמוּל זֶעהְט מֶען נוּט קֵיין שְׁטֶערוּן
עֶם אוּז אפחד אוּף דֶר גַאם אַרוּם צוּ גֵיין
שְׁוַוארְצוּ וָואלְקוּנְם גוּסוּן דְרוּבְּנוּ טְרֶערוּן

און דער ווינד זופצט צו מוט אגוויין

ב

אמת אמת ערשט נוט לאנג גושטארבון
נאר עטלוכו מענשון גייאון טרוט באטרוט
און טראגט דעם טוטון פרושון קרבן
עס און אונזער מוטור רבקה ווער קען זו נוט

ג

אז איין עולם און אן אלויה
גושטא קיין מאן קיין קרוב און קיין פריינד
נושטא קיין זון קיין טאכטור קיין גוטרייער
זיי זאלון נאך גיין נאך דער מטה היינט

ד

יצחק הט אפילו זיין וויטוג נוט גוקענט זעהן
בלונד איז ער פון צרות און פון נוט
ער הט נאר גוהערט דו רעצטו בוטורו גושרייעון
ווען דו שלאפו האט זוך גובארוט מוט דעם טוט

ה

יעקב איז דענצמאל פון דר היים אנטלופון
ער בלאנזוט ערגוץ דארט און וואלד אליין
און ווייסט נאך גאר נוט וום אום הט גוטראפון
ער שלאפט זוך נעבוך אוף אהארטון שטיין

ו

יעקב יעקב דור חָלוּמִת זוּךְ נוּט מן הסתמא
לוּגִסְט אוּנ שְׁלָאפְסְט אוּנ פחד אוּנ שְׁרֶעק
שְׁטֵיי אוּף דוּ יָתוֹם הָסְט שׁוֹן נוּט קַיין מַאמֶע
אוּף אֵייבּוּג טְרָגְט מֶען זוּ שׁוֹן דָארְט אַוֶועק

ז

נוּשְׁטָא אוּף דֶער וֶועלְט נָאךְ אַזַא גוּטְרַייֶע מוּטוּר
זוּא זָאל לַיידוּן פַר קוּנְד.ר אַזַא פַּיין אוּנ שְׁמֶערְץ
אוּנ מַאמֶעס וָוס אַייךְ קוּמוּן זוּךְ אָן קוּנְדוּר בּוּטוּר
נָאר אוּר קֶענְט פוּלוּן אמת מַאכוּ אוּר הַארְץ

ח

וַויא פוּל צָרוֹת הָט רבקה אוּם גוּלוּטוּן
אֵיידוּר זוּא הָט אַקוּנְד גוּפוּלְט בַּיי גָאט
אוּנ זוּ הָט זֵיי קוּם מוּט טְרֶערוּן אוּם גוּבֶּעטֶן
הָאט זוּא נָאךְ מֶער וֵוייטוּגוּן גוּהַאט

ט

יעקב אוּז אוּר אַיין גוּבַּאקוּן אוּנ הַארְצוּן
אַיין עֶרְלוּךְ קוּנְד גוּלֶערוּנְט אוּנ דֶער קְלוּיז
אוּנ פַר עֵשָׂוִין הָט עֶר בַּדַארְפְט דָם פָּנִים שְׁוַוארְצוּן
מֶען הָט זוּ גוּשָׁאלְטוּן אוּנ יֶעדוּן הוּיז

י

עשׂו וָואלְט גוּגֶערוּן דֶעם צוּ רוּסוּן

עֶר וָואלְט זוּךְ נוּט גוּקוּהֶרְט אוּנ יעקבס בְּרוּט
וֶוייא דֶער מַאמוּן אַז זוּ דַארְף דָם אַלְדוּנְג וְויסוּן
אוּנ הֶעלְפוּן קֶען זוּא נֶעבּוּךְ נוּט
אַנְטְלוּפוּן אוּז דוּ בֶּעסְטוּ עצה לעת עתה
אַזוֹ הָט זוּ אוּם בַּאלַייט מוּט אַגֶוויין
אַגְטְלוּף מַיין זוּן אוּנ הוּמוּל לֶעבְּט דַיין מַאמֶע
אוּנ וָום מוּט מוּר וֶועט זַיין וַוייסְט נָאר גָאט אַלַיין
אוּי מַיין קוּנְד עֶס אוּז מוּר אוּנ צְוַוייעוּן בּוּטוּר
זָאלְסְט בְּלַייבּוּן אוּז שְׁלֶעכְט נָאךְ עֶרְגוּר אַוֶועק צוּ גַיין
פַר גֶעם חָאטְשׁוּ נוּט מַיין זוּן דַיין טְרַייֶע מוּטוּר
וֶוער וַוייסְט צוּא מוּר וֶועלוּן זוּךְ נָאךְ זֶעהְן
וַוויין נוּשְׁט הָאט עֶר גְזָאגְט מַאמוּ מַיינוּ גוּטְרַייֶע
מוּר וֶועלוּן זוּךְ נָאךְ זֶעהְן מוּט נחת אוּנ פְרֵייד
הַיינְט קֶען עֶר אפילוּ נוּט זַיין בַּייא דֶער לויה
עֶר זָאל זוּא אָן קוּקוּן חָאטְשׁוּ טוֹטוּר הַייט
אַיידוּר עֶס הָט נָאר אָן גוּהוֹבּוּן טָאג צוּ וֶוערוּן
הָט מֶען שׁוּין גוּלַייגְט אוּף אוּר דֶעם שְׁוֶוערוּן שְׁטַיין
שְׁוַארְצוּ וָואלְקוּן הָבּוּן אוּם בַּגָאסוּן מוּט דְרוּבְּנוּ טְרֶערֶן
אוּנ דֶער וִוינְד הָט צוּ גוּזוּפְצְט מוּט אַגֶוויין!

ענדע

# דער מלאך

שֶׁעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה חַי וכו׳
וְעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה עָתִיד לִיתֵּן דִין וְחֶשְׁבּוֹן וכו׳
דוּ יוּנְגוּ נְשָׁמָה
גוּשְׁלָאפוּן אוּז אַלוּס הַאלְבּוּ נַאכְט אוּז גְוֶוען
קיין שוּם בּריאה הָאט זוּךְ נוּט גוּרוּרְט.
דוּא זוּלְבֶּערְנוּ לבנה נָאר אַלֵיין
הָאט זוּךְ צְווִישוּן דוּ שְׁטֶערוּן שְׁפַּאצוּרְט

ב

דֶענְסְמָאל וֶוען דֶער שְׁלָאף מוּד מַאכְט
פַאר שְׁלוּסְט אַלוּ מֶענְשׁוּנְס אוֹגוּן
אוּז פוּן דֶעם הוּמוּל אוּנ דֶר הַאלְבּוּר נַאכְט
אַמַלְאָךְ אַרָאפּ גוּפְלוֹגוּן

ג

אוּנ אוּף דוּ הֶענְד צוּ גוּטוּלוּט צוּ זוּךְ
הָט עֶר אַיוּנְגוּ נשמה גוּטְרָאגוּן
וָואס ווִילְסְטוּ פוּן מוּר ווִיהוּן טְרָאגְסְטוּ מוּךְ
הֵייבְּט אוּם אָן דוּא נשמה צוּ זָאגוּן

ד

וָוס נֶעמְסְטוּ מוּךְ צוּ פוּנוּם פְרֵיילוּכוּן הוּמוּל
ווִי הוּן שְׁלֶעפְּסְטוּ מוּךְ אַזוּ גְשְׁווִינְד

עֶפּוּם הֶער אוּךְ אַרַעשׁ אַגִיוַואלְד אַגֶעטוּמוּל
עֶפּוּם נַייֶע לוּפְט פוּל אוּךְ אַצוּנְד

ה

הָאב נוּשְׁט מוֹרָא נְשָׁמָהלֶע מַיינְם
הַייבְּט אוּר אָן דֶער מלאךְ אָן רֵיידוּן
אוּךְ וֶועל דוּךְ בַּזֶעצוּן אוּנ אַהֵייזֶעל אַפַּיינְם
דוּא וֶועסְט דָארְט לֶעבּוּן אוּנ פְרֵיידוּן:

ו

מוּט אַנַייעוּם נָאמוּן וֶועט מֶען דוּךְ קְרוֹנוּן
מֶענְשׁ וֶועסְטוּ הֵייסוּן פַאר שְׁטֵייסְט וָואס אוּךְ מַיין
צְווִישׁוּן מֶענְשׁוּן וֶועסְטוּ דָארְט וואוֹנוּן
אוּנ זָאלְסְט דוּךְ דָארְט מֶ נְשְׁלוּךְ בַּאגֵיין

ז

אַז דוּ וֶועסְט אָן הֵייבּוּן בֶּעסוּר דוּ וֶועלְט צוּ פַרְשְׁטֵיין
וֶועט מֶען דוּר גֶעבּוּן אַמַייעֶרוּ קָמֵיַע
אַנַייֶע וָוּם דוּ הָאסְט בּוּז אַהֶער נוּט גְזֶעהְן
זוּ הֵייסְט מוּט דֶעם נָאמוּן מִטְבֵּעַ

ח

אָט מוּט אוּר דַארְפְסְט זוּךְ הוּטוּן וְוי צוּ בַּגֵיין
זוּ אוּז מַאגְנֶעט זוּא אוּז כִּישׁוּף זוּא אוּז גֶעלְד
זוּא קֶען דוּר גֶעבּוּן דוּ וֶועלְט צוּ זֶעהְן
זוּא קֶען דוּר פַר וִויסְטוּן דַיין וֶועלְט

ט

אָט װעל אויך דור אַבּוּסֶל װַייזון אוּפֶּן אוּרְט
װָוס פַר אַזַאכוּן דוּא מטבע טוּט אָפּ
אוּנְטֶר אוּנְז זֶעהְסְטוּ אַגְרוּסוּ שְׁטָאט דָארְט
קוּק זְשֶׁע וִויא אויך װַייז דוּר אַרָאפּ

י

זֶעה אוּפוּן בית הקברות אָט שְׁטֵייט אֵיינֶער
אוּנ הָט פוּנוּם קבר אֵיין מת אוּיף גוּשְׁטֶעלְט
דוּ תַּכְרִיכִים צוּהְט עֶר אוּם פוּן זַיינוּ בֵּיינוּר
עֶר וִויל זֵיי פַר קוּפוּן פַר גֶעלְד

יא

לֶעבּוּן דֶער שוּהְל זֶעה דָארְט זוּצְט
אַיְתוֹמָה אוּנ פְּרוּרְט נֶעבּוּךְ פַר קֶעלְט
צַפִּיקֶענֶען (קְרַאטֶערְם) הָאבּוּן זוּא אַרוּם גְשְׁמוּצְט
אוּנ הָאבּוּן בֶּערַאבִּיוֶועט אוּר גֶעלְד

יב

דָארְט פָאהְרְט זוּךְ אוּנ אַװָאגוּן אַבְּרֵייטֶען
װַס זַיין סְחוֹרָה פַר וִויקוּלְט פַאר שְׁטֶעלְט
זֶעה מען פוּהְרְט אוּם שוּן דָארְטוּן אוּנ קֵייטֶן
עֶר הָט פוּל גוּזוּנְדוּגְט פַר גֶעלְד

יג

קוּק אוּנ אַשְׁטוּבּ זוּצוּן זוּטְצוּן אַגַאנְצוּ נָאכְט

מֶענְשׁוּן פְרוּמוּ אֵיינְס אוּנ דֶער וֶועלְט
דָא זוּמְצְט דָם קהל מוּקְלֶערְט מוּמְבָא בְט
מֶענְשׁוּן צוּ פַאר קוּפוּן פַאר גֶעלְד
אוּנ אֵיינוּר פוּהְרְט זַייא אַלוּ בַּיי דוּא נֶעז
אוּנ טוּט מוּט זַיי וָוס אוּם גוּפֶעלְט
עֶר אוּז דֶער שְׁטָאט בעל הבית עֶר טוּט אַלוּם
אוּנ בַּגְרָאבְט זַיי אַלוּ פַר גֶעלְד

טו

דָא זוּצְט אֵיינוּר אוּנ טְרוּנְקְט מוּט זַיין חבר וַויין
אוּנ רֶעט מוּט אוּם פְרֵיינְדְלוּךְ אוּנ קְוֶועלְט
קוּק עֶר טוּט אוּם סַם אוּנ בֶּעכוּר אַרַיין
וַוייל עֶר דַארְף בַּיי אוּם יַרְשׁוּנוּן גֶעלְד

טז

דָארְט שְׁלָאפְט זוּךְ אגביר אוּנ זַיין סְפָּאלְנוּ אַרַיין
קוּק וִוי רוּצְחִים בַּאלֶעגֶערוּן זַיין גוּצֶעלְט
זַיי וֶועקוּן אוּם פוּנוּם שְׁלָאף קְרוּצוּן מוּט דוּ צֵיין
דֶעם שְׁלוּסוּל גוּב אוּנְז פוּן דַיין גֶעלְד

יז

זֶעה זַייא נֶעמוּן שׁוּן מֶעסוּרְם אַפוּר
זַיי קוֹלוּן אוּם שׁוּן בּוּז אוּנ עֶק
וָוס וַארְפְסְטוּ זוּךְ נְשָׁמָהלֶע וָוס אוּז מוּט דוּר
וָוס צוּטֶערְסְטוּ עֶפּוּס פַר שְׁרֶעק

יח

גֵיין הֵיילוּגוּר מלאך אוּך בּוּן נוּט גוואֹנְט צוּא דֶעם
מוּט אַזַא וֶועלְט קוּם אוּך נוּט אוּם
אוּך בֶּעט דוּך פוּהְר מוּך בֶּעסוּר אָפּ אַהֵיים
אוּך זֶעה דָא קֵיין גוּטְס נִיט אַרוּם

יט

גֵיין קוּנְד דוּ הָאסְט גֶזֶור חֶסְרוֹנוֹת גְזֶעהְן
אַז מוּט אוּנְרֶעכט וִו ל מֶען וֶוערוּן אֵיין עוֹשֶׁר
דוּ קֶענְסְט דוּר לֶעבּוּן זֶעהְר רוּהִיג אוּנ שֵׁיין
דוּ זָאלְסְט דוּך נָאר פוּרוּן מוּט יוֹשֶׁר

כ

זָאלְסְט לוּבּין דַיין חבר וִוי זוּך אַלֵיין
מֵיין נוּשְׁט אַלְדוּנְג קוּמְט נָאר אוּנ דוּר
הֶעלְף אוּם עֶפּוּס מוּט וֶוען עֶר אוּז גוּמֵיין
פַארְגוּן אוּם וֶוען עֶר אוּז רַייכוּר פוּן דוּר

כא

מוּט יוֹשֶׁר אוּנ נחת לֶעבּ דוּר אַזוֹ
דָם לֶעבּוּן אוּז דָאך אַקְלֵיינוּ בְּרוּק
דוּא צַייט טְרָאגְט דוּא יָאהְרוּן וִוי דֶער וִוינְד אַשְׁטְרוֹיא
אָט אָט בַּאלְד בּוּסְטוּ וַוייטוּר צוּרוּק

כב

גֵיין מֵיין קוּנְד גֵיי דוּר אֶבּוּסוּל שְׁפַּאצוּרֶען

גֵיי טַאנְץ דור אַבּוּסוּל אַרוּם
נָאר זָאלְסְט נוּט צוּ פוּל הוּלוּן אוּנ פַר פוּרוּן
כְּדֵי זָאלְסְט קוּמוּן אַהֵיים אָן אַמוּם

כג

דָם אוּבְּרוּגוּ דַארְף אוּף דוּר מֶער נוּט זָאגוּן
וֶועסְט אַלֵיין זַיין דֶר בַּיי וֶועסְט קוּמוּן דֶר צוּ
וָוארוּן וֶועה אוּנ מזרח הֵייבְּט שׁוֹןאָן צוּ טָאגוּן
אוּף דַארְף שׁוֹן גֵיין אוּנ מַיין רוּה

כד

אוּנ אַז דְר הָאן הָט גוּגֶבּוּן דֶם עֶרְשְׁטוּן קְרֵיי
אוּנ אַשְׁטוּב פוּן אַקוּמְפּוּטָארוּן
מזל טוֹב הָט מֶען גוּהֶערְט אַגוּשְׁרֵיי
אַיוּנְגוּלוּ מוּט לַאנְגוּ יָארוּן

כה

אוּנ אַז דָם קוּנְד הָט גוּגֶעבּוּן דֶעם עֶרְשְׁטוּן חִלוּפ
עֶם הָט נָאך נוּשְׁט גוּעֶפוּנְט דוּ אוּגוּן
הָט אוּם דֶר מלאך גוּגֶעבּוּן אַשְׁנָאל אוּף דֶער לוּפ
אוּנ אוּז צוּרוּק צוּם הוּמוּל גוּפְלוּגוּן

# דיא אלטע נשמה

א

גוּשְׁלָאפוּן אוּז אַלוּם הַאלְבּוּ נַאכְט אוּז גְוֶוען

..קיין הונד הָט שוין אויך נושְׁט גִיוָואיֶעט
אונ דְרוזסון הָט גומְרַאֶקעט אונ מוט אַגִיוַויין
הָאט דֶער וִוינְד אונ דו קומונגום גודָאיֶעט

ב

דֶענְנְמָאל וֶוען דֶר שְׁלָאף מוד מַאכְט
פַר שְׁלוּסְט אַלו מֶענְשׁון דו אוגון
אוז פון דֶער עֶרְד הַאלְבּור נַאכְט
אמלאך צום דוסול גְפְלוגון

ג

אונ אוף דו הֶענְד צו גוטולום צו זוך
הָט עֶר אֵיין אַלְטו נשמה גוטְרָאגון
וָום אוז דָם וְויהון טְרָאגְסְטו מוך
הֵייבְּט אום אָן דו נשמה צו זָאגון

ד

וָום נֶעמְסְטו מוך צו פון דֶר וֶועלְט אוי וַוייא
גְוַואלְד וְויהון וְוילְסְטו מוך פַר טְרָאגון
וַוארְט נָאר אַבּוּסול שְׁטֵייא נָאר שְׁטֵייא
אוך הָאב דור נָאך עֶפּום צו זָאגון

ה

הַא זָגְט דֶר מלאך הָסְט זוך צופורְט דו הֶענְד
דו הָאסְט גומֵיינְט דו וֶועסְט אֵייבּוג לֶעבּון
וְויא אַזו הָאסְטו דוא וֶועלְט גובְרֶענְט

גֶעךְ זָאלְסְטוּ מוּר חֶשְׁבּוֹן אָפּ גֶעבּוּן

ו

וָוס אוּז נָאךְ מַיין חתונה בּוּן אוּךְ גְוָוארוּן אחלפן
וָוס קַיין מסחר הָאבּ אוּךְ נוּט גוּהַאט אוּנ דוּ הֶענְד
דָם אֵיינְצוּגוּ הָט מוּר דֶעמוּלְט גוּהָאלְפוּן
וָוס אוּךְ הָאבּ גוּרֶעבְּט פוּן פְּרָאצֶענְט

ז

מַיין וַוייבּ אוּנ קוּנְדוּר זֶענוּן מוּךְ בַּפַאלוּן
הָאבּ אוּךְ שׁוּין גוּהֶעכוּרְט מַיין הַאנְדוּל
אַשְׁטֵייגוּר אוּךְ בּוּן שׁוּן גְוֶועוּן אַבַּאלוּן
צוּ נֶעמוּן פוּנוּף גוּלְדוּן פוּנוּם רֶענְדוּל

ח

קַארְג טוֹבוֹת הָבּ אוּךְ מֶענְשׁוּן גוּטוּן אַמָאל
אוּךְ הָאבּ זֵיי גוּהָאלְפוּן אוּנ אֵיין נוֹיט
מוּהָאט מוּר נָאר בַּדַרְפְּט זָאגוּן אֵיין מָאל
הָט מֶען שׁוּין גוּהַאט אוּף בְּרוֹיט

ט

זָאגְט דֶר מלאךְ דוּ מֶעגְסְט שׁוּן שְׁטוּמוּן
אַטוֹבָה הָאסְטוּ מֶענְשׁוּן גוּטוּן אוּנ אַנוּיט
אוּנ זַיין טלית אוּנ בֶּעטְגִיוַואנְד הָאסְטוּ צוּ גוּנוּמוּן
אוּנ גוּשׁוּנְדוּן פַר דֶר טוֹבה דוּא הוֹיט

י

מֵיילָא וָוָס אִיז אַז אוֹיךְ הָאבּ גוּנוּמוֹן אוּנ פַאר
אַטלִית אוּדוֹר אַפָאר לַייכְטוּר מֶעשׂוּנוּ
מוּזְטוּ וִויסוֹן אִיז בַּיי מוּ״ אֵיין אֵייבּוּגֶר כְּלַל
מַשְׁכּוֹן בְּבַית אִיז שָׁלוֹם בְּקֶעשִׁינוּ

יא

אָבוּר הָאסְטוּ דוּא תְּפִלָה פוּן מַיין וַוייבּ גוּהֶערְט
וֶוען זוּ פְלֶעגְט אוּנ דוּא לַייכְטוּר לֶעכְט בֶּענְשׁוֹן
אוּנ מַיין דַאוְוינוֹן אוּנ טַלִית הָאט אַקְלֵיינוּם וֶוערְט
הָאסְט נָאךְ גוּהֶערְט אַזַא דַאוְוינוֹן פוּן מֶענְשׁוֹן

יב

יָא צַדִיק אוֹיךְ הָאבּ דֶעם הַבְּצָן גוּזֶעהְן
זוֹיךְ שֶׁעמוֹן אָן דֶעם טַלִית פַאר מֶענְטְשׁוֹן
אוּנ פוּן זַיין וַוייבּ הָבּ אוֹיךְ גוּהֶערְט דָס גְוֵוִיין
וֶוען זוּ פְלֶעגְט אוּנ לֵיימְלוּךְ לֶעכְט בֶּענְשׁוֹן

יג

נָא אוּנ דוּא מִצְוָה הָאט גָאר קֵיין וֶוערְט
וָוָס אוֹיךְ הָאבּ מוּךְ גוּט גוּפוּרְט וִוי דוּ דַייטְשֶׁן
אוּנ הָאבּ טָאג אוּנ נַאכְט אוּנ חוּמֶשׁ גְקְלֶערְט
אוֹיךְ זָאל אוּם קֶענוֹן גוּט פַר טַיימְשׁוֹן

יד

שְׁטוּל רָשָׁע דוּ תּוֹרָה הָאסְטוּ גוּהַאט אוּנ זוּנְן

װעטון װילסטו אפזמון דער צײלון
דוא פרשות האסטו בדארפט דארט גופונגון
זאלסטו קענון דוא װאכערס צו מײלון

טו

אונ פר דר מצוה הב אוך קײן שכר צו הבון
זוא זאל מור נאר גוט בצאלט װערון
װס אוך בון אונ אזו קרײזלוך גולופון
קדושה אונ ברכו צו הערון

טז

אוי װי מען הט קײן חרפה קײן בושה
אברכו האסטו גװאלט דארטון חאפון
דו הסט אפילו נוט אונ זונגוהאט דו קדושה
האסט גװאלט דײן בעל חוב דארט דר טאפן

יז

נא אונ דוא מצוה זאל גאר װערון פר לורון
װס אוך האב גופאסט יעדון תענית
אוך בון זוך דו מעג פשוט קראנק גװארון
אטוטור בון אוך גװען בנאמנות

יח

טוט פון כעס פון שװינדול אקטעות
דו האסט דענסמאל אונ זונון גוהאט עסון
קארג שװינדלון הסטו בדרפט מוט הלװאות
קארג מענשון פלײש האסטו גופרעסון

יט

נָא שֶׁענְק מוּר אוּךְ בֶּעט דוּךְ דָם הַיינְטוּגוּ מָאל
נֶעם מוּךְ נוּשְׁט צוּ אוּנ מוּטוּן
אוּךְ הָאב נָאךְ וֶועקְסְלוּן גוּלְאזְט אָן אַצָאל
אוּנ הָאב גוּלָאזְט נָאךְ אַסַאךְ פָּאזוּטוּן

כ

קוּם שְׁרַייט דֶער מלאךְ קוּם שׁוין גֶעבוּר
אוּךְ וֶועל דוּר דָארְט וַוייזוּן חֶשְׁבּוֹנוֹת
מוּר וֶועלוּן זוּךְ בַּרֶעכוּנֶן דָארְט אוּנ דוּ בּוּכוּר
וָוס קוּמְט דוּר אַרוּס פוּן דוּא עֲוֹנוֹת

כא

וָואס פַר עֲוֹנוֹת וָוס הֶער אוּךְ אַצוּנְד
עֲוֹנוֹת וָוס קֶען דָם זַיין פַר אַזַאךְ
סְמַייטְשׁ צוּ תַּשְׁלִיךְ הָב אוּךְ אַלוּ זוּנְד
גְוָוארְפוּן אוּנ טַייךְ אַרַיין גְלַייךְ

כב

דוּ מֵיינְסְט אַז דוּ טְרֶעסוּסְט דוּ פָּאלוּ
הָאבוּן זוּךְ פוּן דוּר דוּ זוּנְד אָפּ גוּקְלֶעבְּט
אוּנ אוּנ טַייךְ זֶענוּן זֵיי גוּפַאלוּן אַלוּ

כג

נֵיין דוּר הָט מֶען אַשְׁפּוּגוּל גְוֶויזוּן בַּיים טַייךְ
זָאלְסְט קוּקוּן אוּנ דֶעם וַואסוּר אַרַיין
אַז דוּ שְׁלוּנְגֶסְט דַיין חבר אַיין אַזוּ גְלַייךְ

ווי אֵיין פוּש שְׁלוּנְגְט דֶעם אַנְדוּרוּן אֵיין

כד

אוּנ אַלוּ עֲוֹנוֹת הָאסְטוּ מִיט דוּר פַייגְר לַייט
עֶס אוּז מוּר אַזְש שְׁוֶוער דוּר צוּ טְרָאגוּן
נָא קוּם שוֹן קוּם אוּךְ הָאבּ יֶעצְט קֵיין צַייט
אוּנ מזרח זַייט הֵייבְּט שוֹן אָ' צוּ טָאגוּן

כה

אוּנ אַז דֶר הָאן הָט גוּגֶבּוּן דֶם עֶרְשְׁטֶן קְרֵייא
אוּנ אַשְׁטוּבּ ווִי אַקְרַאנְקוּר אוּז גוּלֶעגוּן
גְשְׁטָארְבּוּן הָט מֶען גוּהֶערְט אַגוּשְׁרֵייא
בָּרוּךְ דיין אמת הָאבּוּן אַלוּ גוּשְׁרוּגוּן

כו

בַּאלְד אוּז גְוָוארוּן אַנְרוּם גִיוֵיין
אַיָאמֶער אַקְלָאג אַגֶעטוּמוּל
ווִיא דֶער מלאך הָט דָם דֶער זֶעהְן
אוּז עֶר מוּט דוּ נשמה אַוֶועק אוּנ הוּמוּל

ענדע

# דער פאסטליאן

א

הוּךְ קְלוּנְגְט דָאס פַּאשְׁטָאוֶוע גְלֶעקוּל
אַפָּאסְטִילְיָאן פָּארְט אוּף דֶעם שְׁלִיַאךְ
אוּנ מוּט זוּךְ פוּרְט עֶר אַפֶּעקוּל
אַן גוּשְׁטָאפְּט מוּט בְּרִוּף אַסַאךְ

ב

און דעם פּעקול און דעם קליינעם
לוגט פול שלעכטס און אלדוס נוטס
עס לוגט אויך אום גוטושט און איינעם
איין באנקראטסטווע און קרעדוט

ג

אמותו פריינדשאפט לוגט צו זאמון
צו באקענטו און נושט באקענטו
צו מאנון און צו פול דאמון
פארש לובום קאסוומענטו

ד

גראבו יונגון גבירים שיין בעשרייבון
גופונט מען דארט חנופה רייד
און אמארדע איינום רייבון
לוגט שוין איין ארטוקול גרייט

ה

אויף אימיאניעם אויך בולעטון
איין הספד און אבייזער שעה
און אזא סאך סעקרעטון
און וואס איז דען דארט נושמא

ו

ווי איין הילוג ר שליח
אן גושוקט פון גאט אליין
לופט ער אוס צו מיילון גוף

שְׁמֶערְצוֹן פְרֵיידוֹן אוּנ גְוֵויין

ז

עֶר פָארְט אוּנ שְׁטָאט אַרַיין שׁוֹן גְלַייך:
דָם פֶערְד אוּז מוּט עֶר קְרוּכְט אַרָאפּ
אוּם גֵייט נוּט אָן דוּ מוּנְדוּסְטוּ זַאך:
עֶר רוּהְט זוּך אוּנ זַיין הֵיים שׁוֹן אָפּ

ח

דָא עֶפוּנְט זוּך אֵיינוּם שׁוֹן אקבר
אַשְׁלֶעכְטוּ בשוּרה הָט עֶר דֶר הֶערְט
דָא צוּטוּרְט אֵיינוּם אוּמְלוּכְט אבר
מוּלֵייגְט זַיין כָּבוֹד טוּף אוּנ דֶר עֶרְד

ט

דָא זוּנְגט מֶען גָאר אוּפוּן הוּכוּן טָאהְן
אוּנ כּוֹסוֹת מַאכְט מֶען אַזוּ פַיין
וְוי זְשֶׁע אוּז אוּנְזוּר פָאסְטִילְיָאן
עֶר הְרָאפֶּעט לַאנְג אוּף דֶעם מְשָׁאלֶעז

ענדע

# דָם פֶערְזָארְגְטָע בַּעַל הַבַּיִתִיל

| | |
|---|---|
| במשלי שערי מכרא נקיש | מָאנש סִיִשָׁאנְיָא |
| ואתי תגרא בביתא | סְוַואִריטסִיא קָאנַרא |
| (בבא מציעא נט עא) | וו' נָארשִׁקִיע נָיע וַואִריטסִיאַ |
| | (אנייעס ווערטיל) |

א

יֶעדוּר הָט גוּהֶערְט מַן הסתם
אוּנ אפשר גוּזֶעהֶן מוּט דוּ אוּגוּן
וִוי דֶער ווִינְד טְרַייבְּט אַשׁוּף אוּפוּן יַם
וִוי זוּ פְלוּהְט וִוי אַפֵייל אוּם דֶעם בּוּגוּן
אָבוּר גֶעבּוּר פוּן אוּר פְלוּהְן גְשְׁוִוינְד
מַיינוּ יוּנְגוּ יָארוּן אַוֶועק
וִוי אַ אֶנְג בּוּן אוּךְ גְוֶועזְן אַקְלֵיין קוּנְד
הַיינְט בּוּן אוּךְ גוּעֶלְטוּרְט אַשְׁרֶעק

ב

הכלל פְרוּר אוּז מוּר גְוֶועזְן גוּט
פוּן שְׁלֶעכְטְס פוּן דַאֲגוֹת רֵיין
וִוי אַשֵׁיינוּ רוֹיז הָאבּ אוּךְ גוּבְלוּהְט
פְרוּשׁ אוּנ גוּזוּנְד אוּנ שֵׁיין
הַיינְט טוּא אוּךְ מוּךְ קְנֵייטְשׁוּן אוּנ קְרוּמוּן
נוּשְׁטָא דוּא כּוּחוֹת וָוס פְרוּר
אַפְרֶעמְטוּל הָט שׁוּן אוּף מַיין קָאפּ גוּנוּמוּן
מַיין ווִינְטוּר קְלַאפְּט שׁוּן אוּנ דֶר טוּר

ג

אַז אוּךְ הָאב פוּן דוּר קוּנְדוּר לוּדְלוּךְ גוּהֶערְט
ווי צוג לו מוגולו אחר אבינו מלך
צוּ אוּךְ פַר שְׁטֵיי עֶס צוּ נֵיין הָאב אוּךְ נוּט גוּקְלֶערְט
אוּךְ הָאב מוּר גוּזוּנְגוּן גַאנְץ פְרֵיילוּךְ
הַיינְט הָאב אוּךְ גוּמוּזְט שׁוֹן הָאבּוּן כוונות
בַּיים דֶעם לוּדֶעלוּ הרי את
קוּנְדוּר עֶס זוּנְגְט זוּךְ בְּנֶאֱמָנוּת
אוּךְ וֵויים שׁוֹן וָוס דָם בַּטַייט

ד

אַז אוּךְ הָב פוּרִים דֶעם גְרַאגוּר בַּאקוּמוּן
הָאב אוּךְ דוּ וֶועלְט צוּ טְרָאגוּן
אוּךְ הָאב גוּגְרַאגוּרְט אוּנ הָב זוּךְ גוּנוּמוּן
הָמֶנִין טוּט צוּ שְׁלָאגוּן
הַיינְט הָב אוּךְ דָם גוּטוּן גְרַאגוּר פַר קָארוּן
אַיין עֶרְ־עֶרוּן הָאב אוּךְ ווי פְרוּר
המן בוּן אוּךְ צוּם אוּמְגְלוּק גְוָוארוּן
דָם וַוייב גְרַאגוּרְט בַּשְׁטֶענְדוּג אוּף מוּר

ה

אוּנ אַפָּאר מֵייטְקִים אַז מוּהָאט מוּךְ אַרַיין גוּשְׁטֶעלְט
אוּנ הוּנְטוּן הָט גוּשְׁטֶעקְט דוּ פַארְטְשֵׁיילוּ
אָט פוּן דֶעם קָאסְטוּם הָאב אוּךְ גְקְוֶועלְט
עֶר אוּז גְוֶוען אוּךְ זָאג אַייךְ אַיין פֶלֶא
הַיינְט מוּז אוּךְ גָאר אוּף יֶענוּם זֶעהְן

אונ בַּייטוּן דָם צַייג דָם גוּנֵייה
דָם וַוייבּ וויל מוּט דֶער מָאדֶע גֶעהְן
דוּ קֶעשׁוּנוּ שְׁרַייט אָבוּר שְׁטֵייא

ו

וָוס הָט מוּר גוּפֶּעלְט וָוס הָאבּ אוּךְ גוּזָארְגְט
אַז אוּךְ הָאבּ דֶעם שַׁבָּת דֶער זֶעהְן
צוּ הָט דֶר מַ. טוּ גוּהַאט צוּ הָט עֶר גְבָּארְגְט
אַבּוּ איין רָאסוּל פְלֵייש אוּז גְוֶוען
הַיינְט רַייסְט מוּךְ דֶר דָאנֶרְשְׁטוּג בַּיי דֶר פָּאלֶע
אוּיף מֶעהְל גוּט נָאר בַּעל הבית
דֶר פְרַייטוּג זָאגְט ווידוּר צוּ דֶר חלה
דַארְף מֶען נָאךְ דָאס אונ דָם

ז

אַז דֶר רבי הָט מוּךְ גוּבֶּענְשְׁט קְלֵיינוּרְהֵייט
מוּט גוּזוּנְד אונ עוֹשֶׁר אונ הצלחה
אמן הָאבּ אוּךְ גוּזָאגְט שְׁטוּלוּרְהֵייט
עֶס זָאל מוּר נָאר אָן גֵיין דוּ ברכה
הַיינְט קוּמְט דֶער פְרָאצֶענְטנוּק צוּ יָאגוּן
מוּט אַגְוַואלְד טוּט עֶר אָן קוּמוּן
נֵיין זָאגְט עֶר אמן וֶועל אוּךְ דוּר זָאגוּן
אונ דוּ בֶּענְשׁ מוּט מוּר מזומן

ח

אַקֶעסְטוּלוּ אוּז מַיין וָואגוּן גְוֶוען
לַיאלְקוּם הָאבּ אוּךְ דְרוּנוּן גוּפוּרְט

פַר דֶעם פֶערְד בּוּן אוּף גוּלָאפּוּן אַלֵיין
אוּנ הָאב אַלֵיין קָאטְשוּרְט
הַיינְט שְׁפַּאנְט מוּף דֶר דַלוּת אוּנ וָואגוּן
דוּ פּרנסה שְׁרַייט וְויאוּי צוּ סוּר
אוּי וְויסְטֶער קָאטְשֶׁער וְוי קֶען אוּף יָאגֵין
אַגְוווּנְדוּל זוּצט שוֹן הַיינְט אוּיף דֶער טוּר

ט

יֶעדוּר הָט גוּהֶערְט מן הסתם
אוּנ אפשר גוּזָעהֶן מוּט דוּ אוּגוּן
וְוי דֶער וְוינְד טְרַייבְּט אַשׁוּף אוּפּוּן ים
וְוי זוּ וָואלְט גֶערוּן צוּ גוּפְלוּגוּן
אַזוּ טְרַייבְּט דוּ צַייט פוּן מַיין לֶעבּוּן
אוּנ זוּא פְלוּהְט אַלְס וַויטוּר אַוֶועק
אוּף קָעם דוּף וְוינְד זָלְסט אַגוּטֶן בְּרָאז גֶעבֶּן
אוּנ טְרַייב זוּא שוֹן צוּם בַּארְג אַוֶועק
ענדע

# קַיִן אוּן הֶבֶל

(נאך דעם אז ער הט גיהרגית זיין ברודער הבל

א

וְוי אַפּוּגוּל פוּן זַיין נֶעסְט
וֶוערְט גַאנְץ וַוייט פַר פְלוּגוּן
אוּנ אַפּוּנְסְטוּר אוֹרְט אוּנ וְויסְט

וַייט פוּן מֶענְשוּנְס אוּגוּן
אַזוֹ בּוּן אוּךְ הַיינְט גְוָוארוּן
אָךְ אוּנ וֶויי אוּז צוּ מוּר
זוּנְד מַיין בְּרוּדוּר אוּז פַר לָארוּן
אוּז קֵיין רוּהּ צוּ מוּר

ב

וְויהוּן אוּךְ קוּם אוּנ יֶעדוּן אוּרְט
הֶער אוּךְ קוֹלוֹת שְׁרַייעוּן
אַנְטְלוֹפְט אַוֶועק אָט גֵייט עֶר דָארְט
אָט גֵייט דֶער גַזְלָן קִין
דָא שְׁרַייט דוּ עֶרְד אוּךְ בּוּן גְוֶועזן רֵיין
וָוס הָאסְטוּ מוּךְ פַר פְלֶעקְט
דָארְט הֶער אוּךְ הֶבֶלְס קוֹל אַלֵיין
וָוס הָאסְטוּ מוּט מוּר בְּרוּדוּר גוּעֶקְט

ג

אוּנ דֶער בֵּייזוּר שעה נָאךְ אַצוּנְד
אַז אוּךְ הֵייבּ מוּךְ אָן דֶר מַאנוּן
וְוי אוּךְ הָאבּ אוּם גוּשְמוּצְט צוּ דֶר עֶרְד
אוּנ מוּט דֶער קְנִיֶע אוּן אוּם גוּשְׁמַאנוּן
וְוי עֶר הָט גְוֵויינְט אוּי הָאבּ רחמנוּת
לָאז דַיין בְּרוּדוּר נוּשְט יוּנג שְטַארְבּוּן
עֶנְטְפֶער אוּךְ עֶס אוּז קֵיין סַכָּנוֹת
אוּנ הָאבּ אוּם צוּ קְלַאפְּט דֶעם שַארְבּוּן

ד

פון דֶענְסְמָאל אָן הָאב אוּךְ קֵיין שלום
אוּנ גְרֶעסְטוּן שְׁלָאף דֶערוּבוּר
וַוייל בַּיי נַאכְט זֶעה אוּךְ אוּנ חלום
זַיין גוּשְׁטַאלְט שְׁרֶעקְט מוּךְ א בוּר
דָא זֶעה אוּךְ אוּם טוּט אוּנ בְלֵייךְ
וֶוערוּם עֶסוּן אוּם אוּמְלוּכְס אֵבֶר
דָא שְׁטוּקְט עֶר מוּךְ דָא וַוארְגְט עֶר מוּךְ
דָא שְׁלֶעפְּט עֶר מוּךְ אוּנ קבר

ה

אַמָאל זֶעה אוּךְ אוּם פַּאר מוּר אוּם גוּצוּגוּן
דֶעם קָאפּ צוּ בְרָאכוּן אוּיף צְוֵוייעוּן
שְׁוַוארְץ בְּלוּט רוּנְט אוּם פוּן דוּ אוּגוּן
אוּנ אוּם גוּשְׁלָאגוּן דוּ צֵיין
עֶר טוּט אוּף מוּר אַשְׁרֶעקְלוּךְ גוּשְׁרֵיי
דוּ הָאסְט מוּךְ גוּטֵייט נוּשְׁט קֵיינוּר
שְׁטֵייא אוּיף רוּצח גֵייא נָאר גֵייא
בַּאגְרָאב חָאטְשׁוּ מַיינוּ בֵּיינוּר

ו

אוּךְ לוּף שׁוּן אוּבוּר בֶּעטוּן גְשְׁוִוינְד
זַיין טוּטוּן גוּף אַלֵיין
אוּי וַוייא צוּ שְׁפֶּעט אוּז שׁוּן אַצוּנְד
נוּשְׁטָא שׁוּן פוּן זַיין גוּבֵיין
דוּ וְוִילְדוּ חַיוֹת גָאר אָן מוּה

הָאבּוּן גומַאכְט פוּן אוּם אֵיין עֶק
דוּ שְׁרֶעקְט אַהַאנְד דוּ טְרָאגְט אַקְנִיעַ
ווא שְׁפְּרוּנְגְט מוּט זַיין קָאפּ אַוֶּועק

ז

זודון קָאבּוּן זֶעה אוּךְ זַיין בְּלוּט
אוּךְ בֶּעטוּ נָא זַיי שׁוֹן שְׁטוּל
גֵיין רוּהוּן וֶועל אוּךְ נוּשְׁט
אוּמֶעדוּם מוּז אוּךְ זַיין פוּל
אוּמְעדוּם וֶועל אוּךְ טוּךְ אַרְץ בַּאקְרָאנוּן
גזלן פַאר גֶעם נָאר נוּשְׁט
אַבְרוּדוּר הָאסְטוּ מוּט גְשְׁרָאגוּן
דַיין אֵייגוּן פְלֵייש אוּנ בְּלוּט

ח

זַיין שַׁאטוּן טְרַייבְּט מוּךְ שְׁטֶענְדוּג אוּם
בּוּז אוּנ דֶער שאול תחתיה
אוּךְ מֵיין בַּאשְׁטֶענְדוּג אָט קוּם אוּךְ אוּם
דָם וֶועט שׁוֹן זַיין מַיין ישועה
מַיין לֶעבּוּן וָואלְט אוּךְ מוּט גְרוֹס נחת
דֶעם טוֹט אַוֶועק גוּגֶעבּוּן
גֵייט עֶר דַוְוקָא אוּיף לְהַכְעִיס
צוּ דוּ וָוס וִוילוּן לֶעבּוּן

ט

דָארְט לוּנְט אַכַּלָה קְרַאנְק
אַמֵיידוּל פְּרוּשׁ אוּנ יוּנג

צו דֶער חתונה איז שון גָאר נוּט לַאנְג
צו גוּגֶרֵייט הָט מֶען שון אַלְדוּנְג
קוּמְט דֶר טוּט אוּנ זָאגְט אוּר פְּרָאסְט
דוּ בּוּסְט מוּר שֵׁיין גוּפֶעלֶן
מוּט אַנְגֶדוּרוּן הָט מֶען דוּךְ פַר קְנַאסְט
מוּט מוּר מוּזְטוּ אֵיין חוּפָּה שְׁטֶעלֶן

ו

דָארְט אוּז עֶלְטוּרוּן נָאר אֵיינְם גֶבְּלוּבֶּי
פוּן אַסַאךְ קוּנְדוּר שֵׁיינוּ
דֶר טוּט הָט זֵיי אַלְם אוּם גוּקְלוּבּוּן
יֶעצְט ווִיל עֶר נָאךְ דָאם אֵיינוּ
דֶר טַאטוּ גוּסְט מוּט הֵייסוּ טְרֶערוּן
דוּ מַאמוּ אוּז שון בַּיים עֶק
עֶר ווִיל זֵיי אָבּוּר גָאר נוּט הֶערוּן
אוּנ חַאפְּט דָם אוּךְ אַוֶועק

יא

עֶר פוּלְט זוּךְ נוּשְׁט אַוֶועק צו טְרָאגוּן
גְבִירִים פוּן שֵׁיינוּ דוֹרוֹת
ווָם ווֵייסוּן יוּא פוּן אַלֶעבּוּן צו זָאגוּן
אוּנ לֶעבּוּן אוּנ גְרוּם עֲשִׁירוֹת
נֶעם מוּךְ בֶּעסוּר מוּט צו דוּר
אוּךְ הָאבּ פַר דוּר קֵיין מוֹרָא
צו ווָאלְוִויל זָאגְט עֶר בּוּסְטוּ פַר מוּר
אוּךְ הַאנְדוּל נָאר טַייֶערוּ סְחוֹרָה

אוך זעה שון דא גוט אַרום קיין נייעס
אוך לוף אונ ווילדון אורט
טאמור וועלון דו ווילדו חיות
מוך צו רייסון דארט
דו היה וויל מוך אוך גושמוהערן
אוך האב צו אור קיין גלוק
זוא דר זעהט דעם צייכון אוף מיין שטערון
אונ האפט זוך גען צורוק

יג

דארטון לופט אַלייב אַווילדור
הונגרוג צו זיין רויב
פון זיין שרעקלוכון ברומון אונ גופולדור
וועך אוך אַזש טוב
דא מיין אוך אוז שון מיין עק
אוך גוב מיין קאפ אום צו בייסון
ניין זאגט ער גיי אַוועק
נוט דוך דארף אוך צו רייסון

יד

ווי אוך וויל נאר ווייטור גיין
זעה אוך אייגור שפאנון
פלוצלונג זעה אוך בלייבט ער שטיין
זיין בוגון אן צו שפאנון
אוך שטעל מיין הארץ דר פייל אַקעגון
פרייליך ווי צו איין שפול

זו נֶעמְט זוךְ גָאר אונ אַנְדורו וֶועגון
נושְׁט דָא זָאגְט זו אוז מַיין צוּל

טו

דָארְט דֶער שְׁלָאגְט אַדונוּר פוּל לַייט
זַייא פַאלון אָן אֵיין צָאהְל
דו עֶרְד רַייסְט אוּף אור מויל גַאנְץ וַוי יַמ
אונ שְׁלונְגְט זַיי אַיין מוט אַמָאל
אוךְ וַויין פַר אור אונ פַאל אוּף דו קְנוּעֶ
מַאךְ אֵיין אורְט פון קִין׳ם וֶועגון
גֵיי דור וַוייטוּר עֶנְפורְט זוא
דָא בַּארְפון זוךְ אַנְדורו לֵייגון

טז

אונ דו שְׁפֶּעטוּרו דורות וֶועט מֶען מוּזון
אוּף מוּר זוךְ בַּאקְלָאגון
וַוייל אוךְ הָאבּ דֶעם עֶרְשְׁטון וֶועג גְוֶויזון
מֶענְשׁון טוֹט צו שְׁלָאגון
מֶעק אָפּ גָאט מַיין שַׁאנְד אַצוּנְד
אֵיין עֶק זָאל נֶעמון מַיין שְׁרַייעֶן
אָפּ קומון נָאךְ פַר מַיינו זונְד
וֶועט קֵיינוּר נוּט ווי קִין

# דיא קְלִינְגֶערְס בִּים בָּאם

א

דו גַאנְצע וֶועלְט ווי אור וֶועט זֶעהְן
אונ אַלע מֶענְשׁען וָוס זֶענען דָא
יֶעדען פון יושֶׁר גְרוֹס בִּיז קְלֵיין
אונ קיין יושר איז דָארְט נִיט דָא
נָאר אמת הֶערְט מֶען פון זֵייעֶר מויל
זֵיי זֶענען גוּט אונ פֵיין אונ וואל
זֵיי מֵיינען די קְלִינְגֶערְס בִּים בָּאם
זֵיי מֵיינען די קְלִינְגֶערְס בִּים בָּאם

ב

אַגוּטֶער פְרַיינְד איז דָאךְ בֶּעסֶער פון אַלְס
אַז די הָאסְט אִים אָן גֶעטְרָאפֶען
ער וָואלְט פַּר דיר גֶעשְׁטְרֶעקְט דֶעם הַאלְז
אונ פֵייעֶר אונ וַואסֶער גֶעלָאפֶען
עֶר וָואלְט פַּר דיר גֶעגֶעבֶּען זַיין לֶעבֶּען
עֶס איז נָאר גְזָאגְט זַאכֶען חְלָעבֶּען
עֶר מֵיינְט די קְלִינְגֶערְס בִּים בִּים בָּאם
עֶר מֵיינְט די קְלִינְגֶערְס בִּים בִּים בָּאם

ג

אונ אַיינְגֶער מַאן שֵׁיין ווי גָאלְד
נֶעמְט אַכַּלָה מִיט אַלֶע חֶסְרוֹנוֹת
זִי איז שְׁוַוארְץ אונ גֶעשְׁטוּפֶּעלְט גְרוֹי אונ אַלְט

אונ  הָט נָאךְ דֶר צוּ קְרֵיינוּ עֲוֹנוֹת
סְטַיימְש וָוָס טוּסְטוּ וִוי קֶען אַזוֹנוּ צוּפוּן
שְׁוַוייג פַר בַּייסְט עֶר מוּט דוּ לוּפוּן
אוּךְ מֵיין דוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם
אוּךְ מֵיין דוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם

ד

אוּנ דוּ מֵיידוּל וָוס דוּ בּוּסְט יוּנְג אוּנ שֵׁיין
צוּ בּוּסְטוּ אַרָאפּ פוּנוּם שׂכל
וָוס הָסְטוּ גוּנוּמוּן אֵיין אַלְטוּן מַאן אָן צֵיין
וָוס בַּטַייט דַיין פַאלְשׁוּר שְׁמֵייכוּל
אוּךְ בּוּן אוּם מַפְקִיר אוּף אַקוּרְצוּ צַייט
צוּ זַיין מיתה אוּז דָאךְ שׁוּן נוּט וַוייט
אוּךְ וִויל זַיינוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם
אוּךְ וִויל זַיינוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם

ה

אוּנ דוּ גַבָּא זָאג מוּר קְלָארוּ רֵייד
אוּךְ פַר לָאז מוּךְ אוּף דַיין סְבָרָא
וָוס הָאסְטוּ עֶפּוּס גוּרֶעט שְׁטוּלֶערְהֵייט
פַאר דֶער טוּר מוּט דֶער עֲקָרָה
וָוס הֵייסְט אוּךְ זָאג אוּר זוּ זָאל גֶעבּוּן
אַכְט מָאל נַיין מָאל ח"י צוּם לֶעבּוּן
זוּא גוּט מְזוּמוּנוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם
זוּ גוּט מְזוּמוּנוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם

ו

פְּרָאצֶענְטְנוּק. ווילְסְט אוּךְ זָאל בְּדַלוּת ווֶערוּן
גוּט מוּר אָפּ טַיינוּ מַשְׁכָּנוֹת
דָם פְּרָאצֶענְט אוּז שׁוֹן גְרֶעסוּר פוּנוּם קֶרֶן
אוּךְ קֶען נוּשְׁט בּנאמנוֹת
נַא דוּר מַיין וָורְט אַז עֶס אוּז אַפּוּלוּר יהי רצוֹן
אַפָּארְטוּרְנֶע וֶועקְסוּל גוּט אוּךְ טוּט רצוֹן
גוּט אַהֶער מְזוּמוּנוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם
גוּט אַהֶער מְזוּמוּנוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם

ז

אוּנ אַגְבִיר אַחֲזִיר אַקַארְגוּר הוּנְד
וֶוערְט קְרַאנְק אוּף קַאטָאוּוים
דיא קוּנְדֶער שְׁרַייעוּן אוּי וֶויי אוּנ ווינְד
זֵיי זֶעהֶן שׁוֹן דֶעם מלאך המות
וָוס זֵיי שְׁרַייעוּן וֶועל אוּךְ אַייךְ זָאגוּן
מוּזָאל אוּם שׁוֹן גֶעכוּר אַרוּם טְרָאגוּן
וֶועט זֵיי בְּלַייבּוּן דוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם
וֶועט זֵיי בְּלַייבֶּן דוּ קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם

ח

אוּנ דֶר מַגִיד דַרְשׁוּת פַּארוּן נַארָאד
נוּט צוּ רַייסוּן פוּנוּם אַנְדוּרוּן דָם הַייטוּל
מוּזָאל זוּךְ בַּאגַנוּגוּן מוּט דֶעם וָוס מוּהָאט
מוּזָאל נוּט קוּקוּן יֶענוּם אוּנ בַּייטוּל
וָוס קוּקְט עֶר אוּנ דוּ הֶענְד גוּט אוּם אַפְּרֶעג

דֶר תלמיד טָאר נוט דֶר רבּי מֶעג
צוּ רַייסוּן די קְלוּנְגוּרְם בּוּט בּוּם בָּאם

ט

אוּנ דֶער מחבר וָוס איז גוּבוּלְדוּש גָאר
אוּנ רֶעט נָאר תמיד פוּן ספרים
עֶר איז זוּך מפקיר נָאר פַר דֶר לִיטֶערַאטוּר
חְלֶעבּוּן עֶס איז לוּטוּר שְקָרִים
אוּך וֵויס דָאך יוֹא וָוס איז זַיין מַיין
וָוארוּן אוּך בּין זוּך טַאקוּ אמחבר אַלֵיין
עֶר מֵיינְט די קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם
עֶר מֵיינְט די קְלוּנְגוּרְם בּוּם בּוּם בָּאם

ענדע

# אַפְּרֵייוִליךְ חָסִידִיל

א

אוּך דַאנְק דוּד הַרְצוּדוּגוּר פָאטוּר גוּטְרַייעֶר
אוּך דוּהְן דוּך מוּט מַיין גַאנְצוּן הַיוּת
פַר וָוס אוּך בּין דוּר טַאקוּ טַייעֶרְם
מֶער פוּן די אַלוּ הוּלְטַ יֶעם
אוּנ מַיינוּ קוּנְדוּר די אַלוּ דֶר צוּ
פוּרוּן זוּך אַלוּ בּרוּך הַשֵׁם אוּף מַיין סְמְרִיה

ב

די פְרַאנְצוּזוּן עֶסוּן מוּט די הוּילוּ קֶעפּ

מוזאל זיי נָאר צו פַאלון אוֹת פוּצְלוּךְ
און זייעורו נקבות גֵייען מוט דו אֵייגונו צֶעפּ
און אָן גורוּקט נָאךְ מוּצְלוּךְ
מַיינו קוּנְדור גֵייעון נָאר זָאבּ גוּשוֹרוּן
און רוּקוּן זוּךְ דו קאפְּקוּס אוּבּוּר דו אוֹעֶרוּן

ג

אֶפילו שַׁבָּתדוּקוּ מאכלים אוז בַּיי זֵי
גָאר קֵיין משא ומתן
פַר קוּגוּל און פַר מְשָׁאלוּנְט און פַר מְהֵייא
הָבּוּן זֵיי מוֹרָא עֶס זָאל זֵיי נוּט שַׁאטוּן
מַיינו קוּנְדוּר פַר דֵייעֶן מְהֵיי פוּן אַקְרוּגוּל
און לֶעקוּן זאוֹם דו טֶעלוּר פוּנוּם פֶּעטוּן קוּגוּל

ד

דו פְּרַאנְצוֹזוּן רַאוּוינוּן און דַייטְשוּ סִידוּרִים
דו טריפה פסוּל פַר שְׁלֶעפּוּן זֵיי גָר און שוּל
זֵיי שְׁטֵייעֶן מוּהֶערְט פוּן זֵיי קֵיין דִיבּוּרִים
וָוארוּן זֵיי טְרֶעסוּן זוּךְ פְּרוּר פוּל
מַיינו קוּנְדוּר שְׁרַייעוּן נוּט אֵיינֶער שְׁוַוייגְט
און טַאנְצוּן און פְּלֶיעסקוּן זוּךְ צוּם טַאקְט

ה

דו אַפִּיקוּרְסִים אָךְ און וֵוייא
וֶועלוּן זֵיי דֶען הָאבּוּן עוֹלם הבא
אַז מַאוּמָה פַּאמְשֶׁעניֶע הֵייסְט בַּיי זֵיי
גָאר דֶר שֶׁעְנְסְטוּר בָּרוּךְ הבא

בַּיי זַיי הֵייסְט עֶפּוּס אַדְיֶע בָּאנְדְזְשָׁאר
בַּיי אוּנְז הֵייסְט עֶס גוּט מָארְגוּן גוּט יָאר

ו

דוּ פְרַאנְצוֹזוּן פַר בַּייטוּן זֵייעוּרוּ נֶמוּן אוּמְדוּם
בֶּערוּל הֵייסְט בַּיי זַיי בָּארַאק
מרדכי פַר בַּייטוּן זֵיי אוּף מַאקְסוּם
אוּנ יֶעקוּל הֵייסְט בַּיי זַיי גָאר זַאק
בַּיי אוּנְז הֵייסְט מֶען פְּרָאסְטוּ שְׁמֶערוּל בָּרוּךְ
נָאדוּל גֶעצוּל גוּמְפּוּל זָרַח

ז

אוּנ דוּ נקבות מַאכוּן זוּךְ נֶעמוּן מְשׁוּנָה
דבורה הֵייסְט בַּיי זַיי דָאבְּרוּשֶׁע
חנה רוּפוּן זֵיי גָאר קַארָאלִינֶע
אוּנ מרים מַאכוּן זֵיי אוּבּוּר אוּף מַארוּשֶׁע
בַּיי אוּנְז רוּפְט מֶען פְּרָאסְטוּ רָאשֶׁע דְוָואשֶׁע
טְרַיינֶע בְּ־יינֶע יַאחְנֶע סָאשֶׁע

ח

זֵייעֶרוּ מֵיידְלוּךְ מַאכוּן זֵיי פַר קְלֶעזְמוּר גָאר
אוּף דוּ מַאפְּשָׁאנֶע קֶערְנוּן זֵיי צוּמְבְּרוּן
אוּנ מוּט רַחֲמָנוּתדוּגוּ קוּלוֹת וֵויי דוּ יָאר
וְוִי דוּ גוֹיִם זוּנְגוּן אוּנ בְּרוּמְבְּרוּן
מַיינוּ קוּנְדוּר הָאבּוּן נוּט חלילה דוּ טבע
בַּיי אוּנְז טָאר מֶען נוּט הֶערוּן אַקוּל פוּן אנקבה

ט

דו פְּרַאנְצוֹזוֹן שְׁמַדוֹן דֶען נוֹט דוּ קוּנְדוּר אוֹים
וָוס זֵיי מַאכוּן זֵיי פַר סָקָאבֶּעְנְטוּן
אוּנ אוּנ דוּ שְׁקָאלוֹס לֶעֶרְנוּן זֵיי זוּך אוֹם
מַאכוּן מֵיידְלוּך קָאפְּלוֹמֶענְטוּן
מַיינוּ קוּנְדוּר זֶעהֶן אוֹף דֶר גַאס אֵיין אשה
פַאר שְׁטֶעלוּן זֵיי זוּך דוּ אוֹגוּן פַר בּוּשה

י

זֵייעוּרוּ חתן כלה וֶוערוּן זוּך אַלֵיין בַּקֶענְט
אוּנ מוֹדוֹן זוּך בּוּז עֶס קוּמְט דֶר נָאךְ אַרוֹם
זֵיי קָוֶועטְשׁוּן זוּך גַאנְץ גוּט בַּיי דוּ הֶענְד
בּוּז זֵיי קָוֶועטְשׁוּן זוּך עֶפּוֹס אַרוֹם
בַּיי מַיינוּ קוּנְדוּר אוּז נוּט שׁוּלט דוּ קליפה
זֵיי קֶענוּן זוּך נוּט בְּנֶאֱמָנוּת בּוּז נָאךְ דֶר חופה

יא

זֵייעֶר חתן שְׁפּוּלְט מוּט דוּ כלה אַפַּרְלוּבּוּנוּשׁ
אוּנ לֵיינְט מוּט אוּר אָפּ פוּן דוּ רָאמַאנוּן
בּוּז זוּ זָאגְט יָא אוּךְ שְׁטַארְבּ שׁוּן נָאךְ דוּר
אוּנ עֶר זָאגְט נֵיין אוּךְ גֵיי שׁוּן נוּט פוּן דַאנוּן
מַיינוּ קוּנְדוּר מֶעגוּן פְּרוּר אוּם גוּהַפְּט וֶוערוּן
אֵיידוּר אַזֶעלְכוּ קָאזַאצְקוּ לְשׁוֹנוֹת צוּ הֶערוּן

יב

דֶר יָאלְד פּוּרְט זוּ אוּפוּן טְרֶעיַאטֶער
אַדָא שְׁמֵיסְן זֵיי צְווּישׁוּן זוּה אַזוֹ

זו רופט אום מײן הער גובערנאטער
און ער רופט זו מײן גובולדוטו פרויא
בײ אונז האבון זײ זוך לוב־דווקא אזו גאר
חטשו זו רופט אום שלומזל און ער זו שווארץ יאר

יג

צום אײבוגון גודעכונוש שוקט אום דו כלה קמיעות
און העפט דארט אום אור נאמון
און ער שוקט אור אבוסול האר פון דוא פאות
נא וום זאגט אור אוף אזא המן
בײ אונז שוקט ער אסידור מיט מעמדות
און זו אום אחנוכה לעמפול מוט אהדם

יד

בײ דו אפיקורסים פעז סאוז נוט שײן
לאזט מען וואקסון דעם זכר
און צו דר חופה פירט מען זאלט איר זעהן
שויז מוט אבארד אײן אלטון בחיר
בײ אונז פורט מען אבלהכון גאר אמאצוק
און דם חתונדול נאך גאר אפאצוק

טו

בײ דוא פראנצוזון אך און ווײ
גײט אן אשײן בוסול רציחות
זײא טאנצון עפום גאר קאנדרעל קלאנסײא
און דרײעון זוך ווי דו רוחות
בײ אונזגוסט מען אום אפאמנוײע און שטוב

אונ מען הופט אונ שפּרינגט ווי דם לעבּון לוב

טז

זייערו נקבות וועט מען דארט שפּייסון
זיי געמון ארוס דו זכרים ביים טאנצון
אונ ווי מתים מוען זיי זוך אן אונ ווייסון
אונ שטעלון ארוס דעם יצר הרע אונ גאנצן
ביי מיינו קונדור זענון אזעלכו זאכון מיאוס
זיי פרשפּוליען זוך גוט פון קאפּ בוז פוס

יז

דער טענצור הט שון צום טאנצון פרור מן הסתמא
אום גושטעלט זיינו כּלים
ער בייגט זוך אונ נייגט זוך פר דר דאמע
אונ מאכט פר אור איין בואי בשלום
ביי אונז הערט מען דו ווייבּור ווי דעם פר יערוגין שגייא
מטאנצט בארווים אונ מוט דז הולו תחתונים פר זיי

יח

ביי דו פראנצוזון אוז דען שיכּורן אזו ווי ביי אונז אמאדו
לדבר מצוה משמח צו זיין דעם חתן
אונ אז משיח וועט קומון וועלון זיי וועבון אוודאי
ור זוכון אשטוקול פונום לויתן
נסון וועלון מור אונ טרונקין בראנפון פון פעסור
אונ זיי נוט אקאפּ אופון שפּוץ מעסור

ענדע

# דְרֵייא מָאל יוּדִישְׁקֵייט

א

וָוס גֵייט דָארְט אַגַאנְצוּר עוֹלָם פוּן יוּדוּן
אוּנ פוּן זֵייעוּר פּנים שַׁיינְט אַרוּם פְרֵייד
אֵיינוּר מוּט דֶעם אַנְדוּרוּן רֶעדוּן צוּ פְּרוּדוּן
אוּנ לַאכוּן אוּנ שְׁפַּאסוּן פְרֵיילוּכְרֶהֵייט
וְוִיהוּן גֵייט דֶר עוֹלָם וָוס אִיז דָארְט גוּשֶׁעהְן
צוּ אברית מילה אוּז אמצוה צוּ גֵיין

ב

וָוס גֵייט דָארְט וַוייטוּר אֵיין עוֹלָם פוּן יוּדוּן
אוּנ טְרָאגוּן זוּךְ עֶפּוּס יוֹם טוֹבְדוּק גוּקְלֵייד
אֵיינוּר מוּט דֶעם אַנְדוּרוּן רֶעדוּן צוּ פְרוּדוּן
זֵיי שְׁמוּסוּן אוּנ לַאכוּן מוּט גְרוֹם פְרֵייד
וְוִיהוּן גֵייט דֶר עוֹלם וָוס אוּז דָארְט גְשֶׁעהְן
צוּ אַחוּפָּה פוּרוּן אוּז אמצוה צוּ גֵיין

ג

אוּנ וָוס גֵייט דָארְטוּן פַר אֵיין עוֹלם יוּדוּן
פַר חְמַארוּט דָם פּנים פַרְזָארְגְמֶעְרְהֵייט
הֵייסוּ טְרֶערוּן זָעהְט מֶען אוּנ דוּ אוֹגוּן זוּדוּן
אוּנ וַויינוּן אוּנ יוֹקוּן. אַבְרָאךְ אַלֵייד
וְוִיהוּן גֵייט דֶר עוֹלם וָוס אִיז דָארְט גְשֶׁעהְ
צוּ אֶמֶת מצוה אוּז אמצוה צוּ גֵיין

ענדע

# יָאהְרֶען צִיהֶען יָאהְרֶען פְלִיהֶען

דוֹר הוֹלֵךְ וְדוֹר בָּא (קהלת א ד)

א

יָאהְרֶען צִיהֶען יָארוּן פְלוּהֶן
יָאהְרֶען לוֹפוּן נָאר אַן אַשְׁרֶעק
מֶענְשׁוּן זֶעהְט מֶען זוּךְ אַלְץ מוּהֶען
מוּהֶען זוּךְ נָאר אַן אֵיין עֶק
קֵיין מָאל גוּט מֶען זוּךְ קֵיין רוּה
דֶר מַארוּךְ טְרוּקוּנְט פוּן דוּ בֵּיינוּר
פַר וָוס פַר וֶוען צוּ וָוס צוּ וִויא
דוּ קַשְׁיא פְרֶעגְט מֶען נוּשְׁט קֵיינוּם

ב

אַלֵיין זֶעהְט מֶען פוּל משלים
וִוי פוּל דוֹרוֹת זֶענוּן גְוֶוען
פַר שְׁווִינְדוּן זֶענוּן זֵיי וִוי אחלום
נוּשְׁטָא קֵיינְס פוּן זֵייעוּר גוּבֵּיין
גְרוֹסוּ שְׂרָרוֹת גְרוֹסוּ מֶענוּר
גְרוֹסוּ הֶעלְדוּן שְׁטַארְקוּ לַייט
גְרוֹסוּ קוּנְסְטלֶער גְרוֹסוּ קֶענוּר
בֵּגְרָאבְ'ן הָט זֵיי אַיין דוּ צַייט
אוּנ אוּף זֵיי אמצבה גוּשְׁטֶעלְט
גוּנ עֶפּוּס וֶוערְטוּר אַן גוּשְׁרוּבוּן
יינוּן טוּטְשֶׁעט זוּךְ דוּ וֶועלְט

וַוייל עָס אוּז שׁוֹן אָפּ גוּרוּבּוֹן

ג

אַזוֹ שְׁטַארְבּוֹן רַייךְ אוּנ אָרוּם
אַזוֹ וֶוערְט פוּן זֵיי דֶער סוֹף
אוּנ אוֹיף זֵייעוּרוּ אַלְטוּ קברים
וַואקְסוּן נַייֶע דורות אוֹיף
נַייֶע מֶענְשׁוּן נַייֶע שְׂרָרוֹת
אַנַייעֶר גביר אַנַייעֶר הֶעלְד
נַייֶע הַשָׂגוֹת נַייֶע צָרוֹת
אַנַיי לֶעבּוּן אַנַייעֶ וֶועלְט
מֶען פַּר גֶעסְט דָם דור פוּן פְרוּר
יֶעדוּר זָארְגְט פַּר זוּךְ אַלֵיין
אָבֶּר דֶר גְרוּבּ שְׁלוּסְט צוּ דוּ טוּר
אוּנ לֵייגְט אוֹיף אוּם דֶעם שְׁוֶוערוּן שְׁטֵיין

ד

יָאהְרֶען צוּהֶען יָאהְרֶען פְלוּהְן
יָאהְרֶען לוּפוּן גָאר אַשְׁרֶעק
מֶענְשׁוּן זֶעהְט מֶען זוּךְ אַלְץ מוּהֶען
מוּהֶען זוּךְ גָאר אָן אֵיין עֶק
קֵיין מָאל גוּט מֶען זוּךְ קֵיין רוּה
דֶר מַארוּךְ טְרוּקוּנְט פוּן דוּ בֵּיינֶר
פַּר וָוס פַּר וֶוען צוּ וָוס צוּ וויא
אַתִּירוּץ אוּז נָאר דָא אֵיינוּר
דֶר מֶענְשׁ וויפוּל יָארוּן זֶעהְט עֶר

זובּצוג אַכצוג אונ אֶפְשֶׁר הֶעכֶר
וָוס הַיינְט איז נוט אוֹף שְׁפֶּעטוּר
שְׁפֶּעטוּר וִויל עֶר יוֹא אַזֵכֶר

ה

אוֹךְ וִויל אוֹךְ אוֹפּוּן אַטְשֶׁערֶר שְׁטֵיין
גְלַייךְ מוּט דוּ וָוס זֶענוּן פַר פְלוּגוּן
קוּמוּן וֶועט צוּ מוּר אוֹךְ צוּ גֵיין
דֶר שַׁמָש מוּט דוּ טוֹזוּנְט אוּגוּן
צוּ עֶם וֶועט מוּר יוֹא צוּ נוּשְׁט גוּפֶּעלוּן
אוּם וֶועל אוֹךְ נוּשְׁט זַיין דֶר ווידֶער
מַיין פֶּען וֶועל אוֹךְ אַוֶועק שְׁטֶעלוּן
אונ וֶועל אַייךְ זָאגוּן „אַדְיֶע בְּרוּדוּר"

ו

אונ גְלַייךְ מוּט דֶעם גְרֶעסְטוּן גְבִיר
וֶועל אוֹךְ מוּךְ לֵייגוּן אונ דֶר עֶרְד צוּלֵייגְט
דֶר וָוס הָט זוּךְ פְרוּוּר גוּשֶׁעמְט מוּט מוּר
הַיינְט וֶועט זַיין בַּיי מוּר שׁוּן אָן גוּלֵייגְט
מוּר נֶעמוּן נוּשְׁט בֵּיידוּ מוּט פוּן דַאנוּן
מוּר זֶענוּן בֵּיידוּ גְלַייכוּ צַדִים
מוּךְ וֶועט מֶען חָאטְשׁוּ אַצֵייט דֶער מַאנוּן
דָם הָט גוּשְׁרוּבּוּן **א. גָאלְדֶענְפָאדִים**

**ענדע**